# אינהאַלט:

## פון מיר און אַרום מיר


עס וועט קומען
בענקשאַפט
עס זאָל מיר ניט ווי טאָן
מײַנע שיפן
בײַ מײַן האַרבסטיקער שוועל
מײַנע אויגן
מײַנע הענט
ליכטן און שאָטן
צו מײַן מאַמען
איי־ליו־ליו . . .
מײַן שלאַכט אױף אַ שפּיטאָל בעט
ווי קיינמאָל
איך האָב ניט פאַרגעסן
דער קוש געהערט דער וועלט


## אַרגענטינער מאָטיוון


פון אַ רײַזע
פון אָמניבוס
אונטערן ריטם פון סאַמבאַ
דאָניאַ כואַנאַ
טשאַלאַ טשאַליטאַ


## בײַם יאַם


איך און דער יאַם . . .
פאַרנאַכט
אין האַרבסטיקע טעג
ניט סטאַם


## פון מײַן רײַזע (1957)


אױף דער שיף
בײַ דער שוועל פון מײַן היים
אױפן יוגנט־פעסטיוואַל
אין אַ מאָסקווער נאַכט
בײַם טײַך מאָסקווע
בײַם מאַוזאָלײ
עס טוט מיר באַנג
אין אַ אומפאַרגעסלעכער נאַכט
איך וועל מאָרגן שוין ניט זײַן
בײַ דער באַן
אין דער אַלטער ווענעציע
בײַם קינערעט

# עס וועט קומען

עס וועט קומען!
ס׳וועט מוזן קומען!

אַ פֿאַרפֿלייצונג פֿון ליכט
איבער פֿעלדער און צווײַט...
אַ סימפֿאָניע פֿון בלומען
פֿון ברויט און פֿון ווײַן..
און מײַן מוזע וועט רײַטן
איבער שנורן פֿון שטערן...
און באַלײַכטן דאָס גליק
פֿון מענטשלעכן זײַן!

נאָר קוים וועט דער שטורעם
דעם פֿרילינג פֿאַרהאַלטן,
און שטערן ער וועט אים
אין וועג, —
כ׳וועל פֿון האַרבסט אַראָפּרײַסן
דעם פֿאַרנעפּלטן מאַנטל
און אַרויפֿצוּיִען אַף אים
די זוניקע טעג!

ס׳וועט מוזן קומען!
עס וועט קומען!

# בענקשאַפֿט

ווי גלעקלעך דינע
אין אַ שנייִיקער נאַכט —
מונטערן דעם שפּרײַזער וואָס
אין זיך איז פֿאַרטראַכט,

אַזוי מונטערט די בענקשאַפֿט
מײַן טריבן געמיט...
און ס׳וואַכט אויף אין מיר
דאָס פֿאַרגעסענע ליד...

די בענקשאַפֿט אין מיר —
ווי אַ צעבליטע רויז,
ווי אַ קנאָספּעלע אַ צאַרטע
וואָס רײַסט זיך פֿאָרויס...

מיך פֿירט די בענקשאַפֿט
איבער ווײַטע וועגן,
וווּ עס זינגען בעריאָזעס
אַ קאַיאָריקן ניגן...

ווי עס פליסן די טײַכן
ריין ווי קרישטאָל,
וואָס דערציילן לעגענדעס
פון נישט ווײַטן אַמאָל.

אָפט איז מײַן בענקשאַפט
ווי אַ צעגליטער קאַיאָר,
וואָס מאַכט מיך פאַרגעסן
אין דער גרויליקער וואָר!

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

אַלץ וואָס איז נאָענט,
אַלץ וואָס איז ווײַט,
אַלץ וועט פאַרשווינדן
וועט אַוועק מיט דער צײַט . . .

נאָר בלויז די בענקשאַפט,
ווי פון האַרפע דער קלאַנג
וועט ציִען זיך אייביק —
ווי פון לעבן דער גאַנג . . .

# מײַנע שיפן

מײַנע שיפן, אויסגעטרוימטע —
פורפור - רויטע בלומען...
זיי גייען, שיפן זיך נאָך אַלץ,
צום ברעג זיי מוזן קומען.

און דער ברעג, — ער וואַרט אויף זיי,
באַצירט מיט זונען - פלאַמען...
דערווײַל, שיפן זיי זיך נאָך
איבער ברייטע, טיפע יאַמען...

און דער איקער, וואָס אַליין
איך ווייַז פאַר זיי דעם וועג,
וואָס איך ווייס ווזהין עס זײַנען
פאַרגאַנגען מײַנע טעג...

וואָס פון ווינטן שטורמישע
זיי זײַנען נישט געטריבן,
וואָס זיי שווימען ווײַטער נאָך,
און גאַנצע נאָך פאַרבליבן!

# עס זאָל מיר ניט ווײ טאָן

זאָל קומען מער ליכט,
זאָל קומען מער שײַן,
כ׳וויל פילן די פרייד
פון אייביקן זײַן!

גענוג האָבן זיך שטערן
אין יאַמען געטרונקען,
די זון האָט געגוג שוין
אין דער נידער געזונקען!

געגוג זײַנען כוואַליעס
פון ברעגן אַרוים...
זאָלן זיי זיך וויגן
אַפן יאַמס בלויען שוים.

זאָל ווי דער פרילינג
ס׳ליד בליִען אין מיר,
כ׳זאָל, וועלט מײַנע,
קענען זינגען פאַר דיר!

זאָל אַ פרידלעך געזאַנג
אין דיר, וועלט, זיך הערן...
איך וויל אַז מילכאָמע —
זאָל מײַן פרייד ניט צעשטערן!

זאָל די ליבע מיך וועקן,
אין די בלויע קאַיאָרן,
עס זאָלן מיר ניט ווײ טאָן
די פאַרגאַנגענע יאָרן!!!

# בײַ מײַן האַרבסטיקער שװעל

בײַ מײַן האַרבסטיקער שװעל
האָט זיך דער פֿרילינג פֿאַרהאַלטן.
זײַנען שטויביקע קאַרבן פֿון יאָרן
ליכטיקע, זוניקע שטראַלן געװאָרן...
די באַשנײטע שוין רויזן
אויפֿסנײַ געמאַכט האָט ער בליִען...
און ס'הערט זיך ס'געזאַנג
פֿון פֿאַרגעסענעם ליד!

פֿון פֿרילינג באַפֿליגלט
װערט מײַן הײַנט אַזאַ דרײַסטער,
קוקט גלײַך אין די אויגן
דער שטורמישער װעלט...
מײַן הײַנט װיל ניט װיסן
פֿון פֿאַרגאַנגענעם נעכטן,
פֿון די שטויביקע יאָרן
איבער אויסגעטראָטענעם װעג...

איז װער זאָגט אַז מײַן טרוים
איז געװען שוין פֿאַרבליבן
ערגעץ װײַט... װײַט בײַם ברעג
פֿון מײַן לעצטן באַגער?
בעיס איך פֿיל מײַן הײַנט
אַזאַ דרײַסטן, אַזאַ יונגן...
און עס שמייכלט דער פֿרילינג
בײַ מײַן האַרבסטיקער שװעל!

# מײַנע אויגן

מײַנע אויגן —
צוויי קליינע כוואַליעס
אין אַ גרינער אָזיערע.
צוויי שניי־בלימעלעך
אונטער זוניקער שײַן,
צוויי זילבערנע שטערן
וואָס לײַכטן אין דער נאַכט.

מײַנע אויגן —
צוויי טראָפּנס טוי
אין פֿריִען באַגינען.
צוויי דופּטיקע בלעטעלעך
פֿון אַ צעבליטער רויז...

עס זײַנען מײַנע אויגן —
אַ טרויעריקער ציטער...
אַ ליכטיקע פֿרייד,
אַ פֿונק אַ צעגליטער,
אַ צערטל, אַ טרייסט,
אַ לײַדנשאַפֿטלעכער ברי,
אַ דורשטיקער כאָלעם
פֿון אייביקן פֿלי...

# מײַנע הענט

מײַנע הענט װערן נישט מיד
אַרומצוגעמען האָריזאָנטן בלויע,
צו טרײַבן פֿון זיך גרויע טעג,
פֿינצטערע נעכט, װאָלקנס גרויע.

דורשטיקע שעפֿן זײ די לעװאָניקע שײַן,
מאַכן שנורן פֿון זילבערנע שטערן,
קלאַפּן אָן אין דער טיר פֿון דער װעלט
זי זאָל ס׳געזאַנג פֿון קאַיאָר דערהערן.

עס ברית זײ ניט דאָס פֿײַער
װאָס אַרום זײ עס ברענט ;
צו פֿאַרטײדיקן דאָס לעבן
זײַנען טאָמיד גרײט מײַנע הענט !

# ליכט און שאָטן

אַ גרויער טונקעלער שאָטן
איז פון דײַן נעכטן פאַרבליבן,
דאָס האָט ער פון דײַן הײַנט
די זון פאַרטריבן.

דאָס האָט ער אין גרויקייט
דײַן הײַנט אײַנגעהילט —
און מיט גרויליקן אומעט
אָנגעפילט דײַן געמיט.

דאָס שטייט ער אויף דער וואַך
בײַ דײַן פאַרשלאָסענער טיר —
און מיך נישט דערלאָזט
אַרײַנקומען צו דיר!

כ'וואָלט דײַן שאָטן דערטרונקען
אין יאַמיקן שוים,
אַרײַנגעאָטעמט אין דיר כ'וואָלט
מײַן זוניקן טרוים...

דעם טרוים וואָס צום מאָרגן
לייגט דורך דעם וועג,
וואָס באַשײַנט און באַלײַכט
אויף די הײַנטיקע טעג...

# צו מײַן מאַמען

מאַמע, איך בין נאָך דיר
קיין שיווע ניט געזעסן,
קיין ליכט ניט געצונדן,
קיין קאַדיש ניט געזאָגט.
די סטעזשקע צו דײַן קייווער
כ׳האָב ניט אויסגעטראָטן,
ניט פאַרזייט קיין בלומען,
ניט געריייניקט ס׳גראָז!

אין דײַן וועג דעם לעצטן
כ׳האָב דיך ניט באַגלייט,
ניט געוווּסט אפילע
פון דער מוירעדיקער שאָ!
אין מײַנע אָדערן קלאַפּט
אַזוי שטאַרק דײַן לעבן, —
איז ווי קאָן איך גאָר דענקען
אַז דו ביסט שוין מער נישטאָ?!

כ'זע דיך היַינט, ווי נעכטן —
אַ יונגע און אַ שיינע,
מיט גרויסע ברוינע אויגן,
מיט געלאָקטע שוואַרצע האָר...
אָט זיצסטו באַ מײַן בעטל —
מורמלסט שטיל אַ לידל,
אָט פלעכסטו מײַנע צעפּלעך
און אָט פירסטו מיך אין שול...

כ'זע דיך אויף דער שוועל
בעיים האָסט מיך געזעגנט...
אין דײַן צאַרטן שמייכל
אויסבאַהאַלטן האָסט דײַן פּײַן,
געציטערט האָט דײַן קערפּער
אין דעם אַלטן גרויען רעקל...
ס'האָט אַ פאַרשײַטער ווינטל
געשויבערט דײַנע האָר...

נאָר מער פון אַלץ כ'זע דיך
ווען עס קומט דער פרילינג,
צווישן בליִענדיקע בלומען
שטייסטו באַ מײַן טיר...
ווי אַ שטילע טויב אַ ווײַסע
פון אַ לאַנד אין פרידן —
ברענגסטו פאַר מיר גרוסן
דורך דעם פרילינגס-ליד!

# אײַ-לי-לין...

אײַ - ליו - ליו,
אײַ - ליו - ליו,
שלאָף מײַן קינד אין רו!

ס'איז דאָס פענצטער אונדזערס אָפן,
איז די זון פון שטוב אַנטלאָפן,
אויך די טיר איז ניט פאַרמאַכט,
איז אַרײַן אַהער די נאַכט.
אײַ - ליו - ליו,
שלאָף מײַן קינד אין רו!

אַף דײַן װיגעלע, מײַן קינד,
שטײט אַ שמעטערלינג אַצינד;
אַ פײגעלע האָט זיך באַהאַלטן
פון דעם רעגן פון דעם קאַלטן.
פּאַטשט דער שמעטערלינג מיט פליגלעך
קלײנע
זינגט דאָס פײגעלע לידעלעך שײנע.
אײַ - ליו - ליו,
שלאָף מײַן קינד אין רו!

# מײַן שלאַכט אַף אַ שפּיטאָל־בעט

פרעמד איז מיר ס'צימער ס'נײַע,
נישט היימלעך דער גאַנצער אַרום . . .
דער קרוציפיקס אַף דער וואַנט
איז קאָלירלאָז . . איז שטום . . .

פון טאָג איז פאַרבליבן
באַטריבט מײַן געמיט :
איך האָב נישט באַוויזן
אויסצוזינגען מײַן ליד . . .
די נאַכט איז געפאַלן
מיט אַ מאָל אַזוי שווער . . .
אוים ליד . . . אוים געזאַנג . . .
דאַרף זײַ קיינער נישט מער ? —
אַזוי פרעג איך מײַן האַרץ
וואָס פלאַטערט פון שרעק —
ווי ס'לעוואָניקע זילבער
אַף דער קלאָר־ווײַסער דעק.

ס'פענצטער געבליבן איז אָפן
ס'איז אויך נישט פאַרריגלט די טיר,
דאָך קומט אַהער קיינער צו מיר . . .
אַליין בין איך, האַרץ מײַנס, מיט דיר !

איז קום לאָמיר טרוימען,
לאָמיר טרוימען פון לעוואָנע, וואָס שיפט זיך
אין הימלשער שטילקייט...
פון שטערן, וואָס שפּיגלען זיך, שווימען
אין טיפער יאַמיקער בלויקייט...

קום טרוימען פון נאַקעטער לופט,
וואָס שוועבט צווישן בלעטער אַף ביימער,
פון דיכטערס פערזן און פון אים אַליין —
דעם אייביקן, פילבאַרן טרוימער...
האַרץ מײַנס, נישט קלאַפּ אַזוי שטאַרק!
ווי דו, איך פיל און איך ווייס —
עס לויערט דער טויט איבער אונדז!
מײַן בלוט אָבער, איז רויט נאָך און הייס...
...................................

אַ שטאָך אַ לײַכטן איך דערפיל אין מײַן לײַב...
נאָר די טריבע געדאַנקען פון זיך איך טרײַב!
איך פאַל אַרײַן אין אַ דרימל...
ס'האַרץ ווערט רויִק, שטיל...
איך האָף — ס'וועט זײַן גוט,
ס'וועט זײַן ווי איך וויל!
און מײַן פאַרלאַנג איז —
זיך קושן מיטן דראַנג צום לעבן,
דורך ליבע אין שנייִקן ווינטער —
צום אויפבלי פון פרילינג שטרעבן!

דער טאָג איז געקומען
נאָך גרויליקער פון דער נאַכט ...
וואָס קומט דאָ פאָר ?
איך ליג און טראַכט :
ווער זײַנען די מענטשן ?
פּענעמער פרעמדע אָן אַ שיר,
עפּעס זאָרגן זיי, ריידן ...
שטייען געבויגן איבער מיר.
און איך וואָלט וועלן, אַז קיינער
זאָל מיר דאָ ניט שטערן,
ניט זען זאָל קיינער מײַנע אויגן
פולע מיט טרערן !

אין מײַן מויעך אָפּגעשוואַכטן
געדאַנקען מישן זיך פיל ...
ס'פאַרשווינדן די מענטשן,
אַרום מיר ווערט שטיל ...
מיטאַמאָל —
מיר דאַכט זיך : איך שיף זיך
איבער דניעפּער דעם ברייטן ...
איך זוך דאָרט מײַן שטערן
ער זאָל אין וועג מיך באַגלייטן,
נאָר די כוואַליעס די גרינע
זײַנען שטיפעריש - ווילד ...
זיי שלינגען די שטערן ...
און איך וויין, ווי אַ קינד !

און אָט איז מײַן מאַמע,
זי זיצט בײַ מײַן וויג,
כ'הער זי ס'לידעלע זינגען
פון דער קלאָר־ווײַסער ציג...
איר געזאַנג קומט פון לאַנד
ווו איך בין געבוירן...
און זים קלינגט איר שטימע
אין מײַנע קינדערישע אויערן...

מיט אַ מאָל ווערט מיר הייס
און אָט ווערט מיר קאַלט...
ס'דאַכט זיך איך בלאָנדזשע
אין אַ פינצטערן וואַלד...
צווישן ביימער געדיכטע
דעם וועג איך פאַרליר...
ס'פאַרכאַפּט מיך אַ שטורעם
און פליט אַוועק מיט מיר...

איך פלי אין מידבער,
די לופט איז צעגליט...
איך פיל אַזאַ דורשט...
קיין וואַסער, קיין צוויט...
פּלוצים פון שטורעמס
פליגל איך פאַל...
איך פאַל אַף אַ בלום
און געפין דאָרט אַ קוואַל...
קיל איז דאָס וואַסער,
שטילט אײַן מײַן דורשט...

מײַנע ליפּן די טרוקענע —
די בלום, זי קושט...
......................

זוניקע שטראַלן
אַרום מיר װידער טאַנצן,
און װידער פֿון זײ איך —
פֿלעכט מײַנע קראַנצן...

באַזיגט כ'האָב דעם טויט!
דער קאָשמאַר איז פֿאַרשװוּנדן,
עס שעפּטשעט דאָס לעבן:
עס הײלן זיך װוּנדן...
עס גלעט מיך די זון,
מיך צערטלט די לופֿט...
דורכן פֿענצטער איך זע —
די גאַס נאָך גאָר שלאָפֿט...
און װידער איך װענד מיך
צו מײַן האַרץ שױן אָן שרעק:
קום אױפֿװעקן די גאַס
פֿון עק צו עק...
זע, עס שפּרײט זיך דער הימל,
רײן איז ער און בלױ...
ס'װאַקסן זיך בלומען און גראָזן
אין קאַיאָריקן טױ...

איז קום, לאָמיר זיך קושן...
זיך אין ליבע דערקלערן...
זאָלן סאָנים פֿון לעבן —
אונדזערע לידער דערהערן!!!

# ווי קיינמאָל

ווי קיינמאָל איז שווער
און באַטריבט מײַן געמיט.
און אַנדערש, גאָר אַנדערש
קלינגט מײַן ליד.

אין געפּאַר איז דער פֿרידן,
מײַן מויעך ברענט!
עס קלאַמערן זיך אין פֿויסטן
מײַנע זוניקע הענט.

מײַן וואָרט ווערט פֿײַער,
מײַן סטראָף — דינאַמיט,
אָנגעלאָדן מיט פּולווער
איז הײַנט מײַן ליד.

צו ראַטעווען דעם פֿרידן
פֿון פֿלאַמיקן שײַטער —
כ'הייב זיך אויף העכער
און פֿלי אַלץ ווײַטער...

אין דער שטורמישער נאַכט
איך שנייד זיך אַריין —
צו באַפרייען די וועלט פון
גרויל און פון פּיין.

מיינע פליגל זיינען גרייט
פאַר דער ווייטסטער ווייט...
מיך שרעקט ניט דער דרוק
פון דער מוירעדיקער צייט!

פון מיין געוויסן כ׳מוז
אויספילן דעם באַפעל —
צו טויטן דעם טויט
וואָס שטייט בא מיין שוועל!!!

# איך האָב ניט פאַרגעסן

איך האָב ניט פאַרגעסן,
און כ'וועל ניט פאַרגעסן —
אין דעם האַקנקרייץ דעם שוואַרצן
וואָס האָט פאַרנעפּלט די זון.

אין דעם שטורמישן הימל
וואָס האָט גערעגנט מיט בלוט...
אין דער ערד וואָס האָט געדונגערט
זיך אַף צווייען געשפּאָלטן.

אין די טליִעס וואָס האָבן
די וועגן פאַרפּלייצט...
אין די פאַרוועלקטע גראָזן
אונטער נאַצישע טריט...

איך האָב נישט פאַרגעסן
און איך וועל נישט פאַרגעסן —
אין די רויזן וואָס האָבן
אין זומער געפּרירט...

אין דעם צעבליטן קאַיאָר
וואָס איז געבליבן אין וועג
צוליב דעם נאַצישן פּולווער
וואָס האָט זיך געשאָטן...

איך האָב נישט פֿאַרגעסן
און איך וועל נישט פֿאַרגעסן
אין די קינדערישע פּיסלעך
וואָס געשפּרײַזט האָבן צום טויט!

אין די מוטערס וואָס האָבן
דעם זינען פֿאַרלאָרן...
אין די אויסגעברענטע אויגן
פֿון מענטשן מיליאָנען!

איך האָב נישט פֿאַרגעסן
און איך וועל נישט פֿאַרגעסן
אין די רוזשקעס, די ניוטקעס,
בלומקעס און כאַנעס.

זייער צאַוואָע אין האַרצן איך טראָג:
„ווי געפֿאַלן איז אַ שפּריץ
פֿון אונדזער בלוט,
שפּראָצן וועט דאָרט אונדזער
גוורע, אונדזער מוט!!!"

# דער קוש געהערט דער וועלט

עטל ראָזענבערג האָט פאַרן טויט גייענדיק
צום עלעקטרישן שטול, געגעבן אַ קוש דער
וועכטערן.

פון די צײַטונגען.

וועכטערן, קער אום דעם קוש —
ער איז ניט דײַנער!
דער קוש אירער געהערט צו מיר,
ער איז מײַנער!

וועכטערן, פלעגסטו דען ניט הערן
מײַן יאָמער, מײַן געוויין,
ווען באַנאַכט זי פלעגט פאַרבלײַבן
אין דער צעל אַליין?

און ווען זי האָט געשטעלט אין לעבן
אירע לעצטע טריט,
האָב איך זי ווי אַ טרײַע מאַמע אין
לעצטן וועג אירן באַגלייט...

דאָס האָבן מײַנע ליפּן געמורמלט
אונדזער ביידנס ליד!
דאָס האָב איך געשאָטן בלומען
אונטער אירע טריט...

דאָס האָב איך מײַן האַרץ געהאַלטן
אין די הענט . . .
ווען די האָר אירע די שיינע
האָבן שוין געברענט ! ! !

איז פאַרוואָס מיינסטו, וועכטערן,
דער קוש קומט דיר ?
ניין, דער קוש איז מײַנער,
געווען איז ער פאַר מיר !

וועכטערן, קער אום דעם קוש —
ער איז ניט דײַנער !
דער קוש אירער געהערט צו מיר,
ער איז מײַנער !

# פון אַ רײַזע

אין דער באַן וואָס פירט צו דאָרעם
איז מיר אומעטיק אַליין צו בלײַבן...
עפּעס דריקט און ס׳נאָגט מײַן האַרץ
און ס׳איז שווער די טרער אויסמײַדן.

פול דער הימל איז מיט שטערן
און אַ מילדער, בלויער בליק...
איז פאַרוואָס וויינען די רעדער —
בעיים די באַן קרײַצט דורך די בריק?

און דער טײַך — „ווי־עדמאַ״, פאַרוואָס
ליגט ער אַזאַ טריבער?
אויך דער ריטם פון דער נאַכט
מיטאַמאָל ער רײַסט זיך איבער!

און פון הימל פליִען שטערן...
די נאַכט מיט בלײַ ווערט אָנגעלאָדן.
פאַרוואָס שמײַסט דער ווינט די זאַמדן
און ס׳פײַפן ווײנענדיק די דראָטן?

פון קוימען פליִען שטיקער פײַער...
ס'בלײַבט שטיין די באַן — זי וואַרט...
פון אַ וואַגאָן מיט גראַטעס — מען פירט —
פּאַסאַזשירן אַכט!

און עס גייען די מענער — אַכט
די הענט געקייטלט צו צוויי...:
„זאָל לעבן דער פּראָלעטאַריאַט!"
שרײַט אוים איינער פון זיי!

און עס שפּרייט זיך ווײַט דער עכאָ
אין דער מוירעדיקער נאַכט...
און מיט מײַנע בעסטע ווּנטשן
כ'באַגלייט די שטאָלצע מענער — אַכט!

און עס יאָגן... יאָגן וועגן —
פאַר דער באַן וואָס פירט צו דאָרעם.
אוןביימער גרינען... סוידען זיך —
פון אַ גרויסן פרילינגס־שטורעם!!!

# פון אָמניבוס

## (אין טוקומאַנער געגנט)

עס שפּרייט די ערד די רײַפע
מיט ברייטקײַט איר פאַרמעגן.
מיט גרינע רערן זיסע
פול זײַנען די וועגן.

צווישן גרינע קאַניאַווערלען *)
איז די זון פאַרגאַנגען,
האָט זי אירע לעצטע שטראַלן
איבערן פעלד צעהאנגען.

פאַרטײַעט גאַנוועט זיך די נאַכט
אין איר, דער אַלטער שניטער וואַכט!

און עס שנײַדן שלאַנקע רערן
זײַנע ברוינע מידע הענט.
נאָר דעם קאָפּ, דער שניטער בויגט ניט,
און דאָס אויג ווי פײַער ברענט...

*) קאַניאַווערלן — פּלאַנטאַציעס מיט צוקער־רערן.

קוקן פֿײַערדיקע אויגן
ווי די נאַכט שפּרייט זיך אַ בלויע,
ווי עס שפּיגלען זיך די שטערן
אין די יאָרן זײַנע גרויע...

גרויע יאָרן... גרויע טעג...
הונגער, גרויל פֿון לאַנגע צײַטן...
עס פֿליִען פֿייגל, ס'זינגט די ערד,
ס'העלט דער האָריזאָנט פֿון ווײַטן...

# אונטערן ריטם פון סאַמבאַ

(ריאָ־האָנדאָ)

אין דער נאַקעטער שטאָט,
ווו דער ווינט קאָן אַפילע
קיין בלום נישט פאַרוויגן...
ווו עס וואַקסן קיין גראָזן,
ווו צום וואַסער דעם וועג
האָבן פאַרגעסן די קריגן...

ווו דער טאָג אין דער זון
שטיקט זיך און ברענט...
ווו די נאַכט איינגעהילט איז
אין לעוואָניקער קעלט, —

דאָרט באַזינגען גיטאַרעס
דעם דראַנג צום לעבן...
אַ טפילע טאַנצן אוים פים
און אין עקסטאַז זיי שוועבן...

עס באַוועגן זיך פּאָרלעך
אין ליידנשאַפטלעכן טאַנץ...
און פלעכטן זיך טיכלעך
ווי פון בלומען אַ קראַנץ.

און עס שוועבן כאַלוימעס
אונטער לעוואָניקער שיַין,
וואָס וועקט דעם גלויבן
אין אייביקן זיַין!

עס וויינען גיטאַרעס,
זיי מונטערן דער באָמבאָ...
און עס אָטעמט די לופט
מיטן ריטם פון סאַמבאַ!

# דאָניאַ כואַנאַ

דאָניאַ כואַנאַ די שוואַרצע
פון אונדזער קאַנט —
איז אַ וועשן פאַר ווייַסע —
זי איז דאָ באַקאַנט.

טאָג - אויס, טאָג - איין
אונטער דער זון וואָס ברענט
וואַשט דאָניאַ כואַנאַ די שוואַרצע
מיט אירע מידע שוין הענט!

שוין רויט די אויגן
פון אַזויפיל זון...
אויסגעבויגן די פלייצע,
נאָר וואָס זאָל זי טאָן?

פון אַזויפיל מילענקעס
ווייַסע ווי שניי,
זייַנען די הענט שוואַרצער געוואָרן,
טוען איר וויי...

איבער דער פילעטע געבויגן
שטייט כואַנאַ און טראַכט:
באַלד וועט פאַרגיין די זון...
עס וועט קומען די נאַכט...

אַ קישן... אַ בעט...
אַ ביסל שאָטן פון אַ בוים...
איז עס כואַנאַס איינציקער טרוים?

...........................

באַנאַכט אין דער קאָמאָרקע,
אַפן בעטל דעם האַרטן,
קלאַמערט כואַנאַ אירע פויסטן:
ביז ווען וועל איך וואַרטן!

ס'איז שטורמיש די נאַכט,
ס'איז ווײַט צום קאַיאָר...
אַזוי טאָג-אײַן, טאָג-אויס,
אַזוי יאָר נאָך יאָר...

וואַשט דאָניאַ כואַנאַ
מיט אירע מידע שוין הענט
דאָס וועש פאַר ווײַסע,
אונטער דער זון וואָס ברענט!

# טשאָלאַ טשאָליטאַ

## (אַ באַגעגעניש אין ריאָכאַנער געגנט)

ווּהין לויפט טשאָליטאַ
מיט טריטעלעך דריבנע,
מיט צעפלאָכטענע צעפּלעך,
אויגן דערשראָקענע, טריבע?

וואָס געשען איז מיט איר
אין דער פינצטערער נאַכט?
און וואָס האָט דער גורל
פאַר איר היינט צוגעטראַכט?

וואָס האָט זי געצוווּנגען
אויפצומאַכן די טיר?
און ווער איז אַף קויעך
אַריין היינט צו איר?

טשאָלאַ, טשאָליטאַ, —
קימאַט אַ קינד נאָך אַ קליינע,
ווער האָט מיט נעפּל פאַרצויגן
אירע אויגעלעך שיינע?

צווישן בערג ריאָכאַנער —
ווער מאַכט שווייגן די נאַכט?
טשאָלאַ, טשאָליטאַ, —
אין דיין גורל איך טראַכט!

# איך און דער יאַם

איך און דער יאַם —
מיר זײַנען אַ פּאָר!
פאַרבונדן דורך בענקשאַפט,
דורך אייביקער אומרו,
רווישנדיקן אימפּעט,
ברייטקייט פון ברוסט,
דורך טיפקייט פון ליידן!
אַזוי יאָר נאָך יאָר —
מיר טרעפן זיך קעסיידער...
ער טרײַבט די כוואַליעס פאָרויס...
פאָרויס טרײַב איך מײַן טרוים!

# פֿאַרנאַכט

אין די בלוי־פֿיאָלעטע פֿאַרנאַכטן
בלײַבט ליגן דער יאַם אַזאַ טריבער...
זײַנע גרינע אויגן פֿולע מיט בענקשאַפֿט
דערוועקן אין מיר טיפֿע לײַדן.

און בלוט אין אים טריפֿט, פֿאַר וואָס?
ווער האָט פֿאַרוווּנדן דעם יאַם?
ווער האָט די שפּיז אויסגעפּרוּווט
אין זײַן מעכטיקער ברוסט?

עפּשער די זון אין אירע גסיסע־ווייען
אין אים בײַסט אַרײַן אירע גילדענע ציין?
אָדער דער טאָג דעם פֿלאַמיקן שײַטער —
וואַרפֿט דאָרט אַרײַן אויסצולעשן זײַן פֿײַער?

אָדער זײַן אומעט נעמט זיך דערפֿון —
וואָס ווײַט, אַזוי ווײַט איז נאָך צום באַגינען?
וואָס דער הימל הענגט אַ באַצירטער מיט טרוימען,
בעיס אין שווערן געראַנגל געפֿינט זיך די ערד?

איז דעריבער זײַן בענקשאַפֿט, זײַן טרויער
אין די שטילע פֿיאָלעטע פֿאַרנאַכטן?
איז פֿאַר וואָס אין מײַן האַרצן דערוועקן זיך לײַדן?

# אין האַרבסטיקע טעג

דער האַרבסט איז געקומען
אין גאָלד איַינגעהילט.
ברומט פון פאַרדרוס
דער האַסטיקער ווינט.

דער ווינט שפּרייט זיַינע פליגל
אין דער ברייט, אין דער לענג,
נאָר אַ שטראַל אַ זוניקער
צוימט אים דעם וועג...

שטיל זינגט דאָס וואַסער
ס'אייביקע ליד...
און אַ בענקשאַפט אַ שטאַרקע
פילט אָן מיַין געמיט...

קום איך צום יאַם
וואָס בלויט פון דער וויַיט,
ווי עס וואָלט נישט געווען
אין האַרבסטיקער צייַט.

טיף איז דער אָטעם פון יאַם,
די ברוסט זײַנע איז ברייט,
זיך קעגנשטעלן דעם שטורעם
איז דער יאַם טאָמיד גרייט!

שטיי איך באַם ראַנד —
ס'איז גוט מיר צו זען
ווי אַף די שטיינער די גלאַטע
דער יאַם שאַרפט זײַנע ציין...

אַף אים שפּילן כוואַליעס
ווי אַף אַ פידל פון גאָלד...
און צו הערן אַ פידל וואָלט
איך גערן געוואָלט!

# ניט סטאַם

## (אין אָנדענק פֿון אַלפֿאָנסינאַ סטאָרני)

ווען פֿאַרנאַכט איך שטיי באַם ראַנד פֿון יאַם
זוך איך דיך אַרום דאָרטן ניט סטאַם.
און ניט סטאַם ווען די זון פֿאַרגייט אין פֿלאַמען
דערמאָנט זיך ווי דו ביסט אַוועק מיט איר צוזאַמען.
עס דערמאָנט זיך יענער האַרבסטיקער פֿאַרנאַכט
בעיים דו האָסט דייַן לעצטן לעבנס־וועג פֿאַרטראַכט...
אַ מוירעדיקער וואָלקן לויפֿט אָן דאַן אַ גרויער
דער גאַנצער אַרום בלייַבט אייַנגעהילט אין טרויער...
בלויז דער יאַם, מיט פֿריילעכן געמיט
שיקט אַרויס די כוואַליעס אויסצוזינגען דייַן ליד.
דער יאַם, צעגיסט זיך פֿון פֿרייד, ער האָט דיך געפֿאַנגען!
אין אים זייַנען פֿאַרבליבן דייַנע לעצטע קלאַנגען...
און ווען עס קומען די שטערן זיך באָדן אין יאַם,
ווי איך, זיי זוכן דיך דאָרט מינאַסטאַם.
ווי איך, אינעם יאַם זיי הערן דייַן קלאַנג
און זיי בענקען ווי איך נאָך דייַן געזאַנג.
און טרויעריק ווערט מיר, מיר טוט אַזוי וויי, —
ווען פֿאַרנאַכט באַם ראַנד פֿון יאַם איך שטיי.
מייַן בלומענדיקער פֿערז ציטערט אין די הענט...
און עס דאַכט זיך אַלץ אַרום מיר ברענט!
בלויז דער יאַם, לאַכט... און לאַכט...
און זייַן געלעכטער דערמאָנט יענעם פֿאַרנאַכט —
בעיים צו אים דו ביסט אַרייַן מיט דער זון צוזאַמען
אַן אייַנגעהילטע אין שאַרלעך־רויטע פֿלאַמען!
ניט סטאַם, אָ, ניט סטאַם אָפּגעגעבן האָסטו זיך דעם יאַם,
אין אים האָסטו פֿאַרייביקט דייַן ווונדערבאַרן קלאַנג!
דערפֿאַר אין אים איך הער אַזאַ געזאַנג!

# אַף דער שיף

אַ צעגליטער דער הימל
וואַרפֿט פֿונקען אין יאַם,
עס צינדט זיך דאָס וואַסער,
עס שפּרייט זיך דער פֿלאַם...

די שיף לאָזט נאָך זיך
אַ ווײַס-שנייִיקן שוים,
עס יאָגן די כוואַליעס
טרײַבן פֿאָרויס מײַן טרוים...

מײַן טרוים יאָגט פֿאָרויס
פֿון מיר — מײַלן ווײַט...
ווי ער וואָלט וועלן אַף קויעך
אַריבעריאָגן די צײַט...

און עס ברומט דער יאַם —
די לאַסט זײַנע איז שווער!
ער בײַט די קאָלירן אַלץ
מער... און מער...

אָט איז ער בלוי,
אָט איז ער גרין,
אָט ווערט ער רויט,
רויט ווי קאַרמין...

און עס מישן זיך פֿאַרבן
מיט ווײַס-שנייִיקן שוים...
וועט די שיף ברענגען צום ברעג
מײַן לאַנגיאָריקן טרוים?

# באַ דער שוועל פון מײַן היים

איך האָב אַלע מאָל געוווּסט —
און הײַנט דערפילט כ'האָב נאָך אַמאָל —
ווי גרינע גראָזן קושן זיך
אין דעם ברייטן, לאַנגן טאָל...

איך האָב אַלע מאָל געפילט
ווי אין די אָדערן פליסט מײַן בלוט,
קיינמאָל, אָבער, פאַרשאַפט ס'האָט מיר —
אַזוי פיל פרייד... אַזוי פיל מוט...

ווי הײַנט, בעיִם פון דער היים דער ליבער
דעריזען איך האָב די שוועל...
און אויף דער ערד ווו כ'בין געבוירן —
ווידער מײַנע טריט איך שטעל...

פאַר מיר עס עפענען זיך בלומען
איבער אַלע וועגן...
און אויגן ליבע, טרײַע אויגן
שטראַלן מיר אַנטקעגן...

און עס קלינגט פאַר מיר דאָס לאָשן
ווי צאַרטע טענער פון מוזיק...
און פון האַרצן באַ מיר רײַסט זיך:
מאַמע! געקומען כ'בין צוריק!

# אַפֿן יוגנט־פֿעסטיוואַל

דער פֿרימאָרגן — אַ בעכער אַ פֿולער מיט זון.
אַ יאַם מיט בלומען איבער אונדזערע קעפּ.
איך האָב מיטאַמאָל דעם אָטעם פֿאַרלוירן,
מיר דאַכט זיך צון הימל מיך פֿירן די טרעפּ...

איבער דער שטאָט, טויזנטער כאָרן.
מיט סימפֿאָנישן ריטם באַוועגן זיך טריט,
עס שפּילן אָרקעסטערס, עס זינגען מאָטאָרן.
דרייסט און מונטער ווערט מײַן געמיט.

איך ווער דאָ געפֿאַנגען פֿון זוניקע שטראַלן,
אַף דער וואַך שטייען טויבן, פֿון ביידע זײַטן וועג...
איך פֿאַרגעס מיטאַמאָל אין די גרויליקע יאָרן,
איך זע בלויז, ווי עס גילדן זיך, עס שטראַלן דאָ טעג!

# אין אַ מאָסקווער נאַכט

אין זילבערנער שײַן
אײַנגעהילט איז דער סטעפּ;
בעריאָזעס אין רייען
מיט געלאָקטע קעפּ.

פון זייערס אַ צווײַג
איז אַ בלאַט אַוועק מיטן ווינט,
בענקען די ווײַסע בעריאָזעס
ווי נאָך זייערס אַ קינד...

נישט ווײַט שטייט אַ טאָפּאָל
אַ שלאַנקער, אַ שיינער —
די בעריאָזעס, דער טאָפּאָל
און איך — מער קיינער...

שטיל וועבט איר כאָלעם
די זילבערנע נאַכט —
אין מיר און אין טאָפּאָל
אַ בענקשאַפט דערוואַכט...

קום איך צו צו אים,
נעם אים שטיל אַרום —
די נאַכט זי קישעפּטביידן,
קישעפּט אין דער שטום...

# באַם טײַך מאָסקװאַ

די נאַכט איז פֿול מיט קלאַנגען,
ס'איז דער טײַך מיט שטערן פֿול...
עס הערן זיך באַם ברעג געזאַנגען,
פֿון װײַטנס גרינט דער ברייטער טאָל.

צװישן אַלע שטערן קלײַב איך אױס דעם רױטן,
צװישן אַלע קלאַנגען קלײַב איך מיט דײַן ליד,
אין דעם װעג דעם װײַטן זאָל עס מיך באַגלייטן...
און װי דער שטערן — שטראַלן זאָל טאָמיד מײַן געמיט...

# באַם מאַוזאָליי

אַפֿן פּלאַץ באַם מאַוזאָלייי,
קניט די מאָסקווער נאַכט...
אַפֿן שפּיץ פֿון קרעמל
דער רויטער שטערן וואַכט...

אַלץ איז מיר באַקאַנט,
יעדער גאַס און יעדער וועג,
און עס לעבן יענע יאָרן,
יענע גרויסע, הייסע טעג.

געשטאַנען איז דאָ לענין,
אין קאַשקעט אין פּראָסטן,
דאָ האָב איך אים געזען
אין זונען און אין פּראָסטן.

דאָ האָב איך דערפֿילט אַף זיך
זײַן אָדלערישן בליק.
געהערט זײַן רוף: פּאָרויס, פּאָרויס,
קיין טראָט ניט אַף צוריק!...

האָב איך יאָר נאָך יאָר געהיט
מײַן טראָט ניט צו פֿאַרהאַלטן,
פֿון הוראַגאַנישע ווינטן
זײַן טרוים כ'האָב אויסבאַהאַלטן!

טראָג איך אים מיט זיך אַרום,
אַף אייביק איז ער מײַנער!
אַזאַ גליק איז מיר באַשערט
זיך צו פֿילן זײַנער!

# בא מאַיאַקאָווסקים דענקמאָל

אין דער שטאָט,
וואָס מיט זון
איז פאַרפלייצט,
שטראַלט דײַן געזיכט.

דאָרט ווו דײַן אויג
דורכאַנאַנד האָט געבליצט,
דונערט דײַן וואָרט
נאָך איצט...

דאָרט ווו דײַן פײַער
האָט הערצער געצונדן,
פײַערן הערצער
אין פלאַמען...

דאָרט ווו דו האָסט נאָר
אַ קערן פאַרזייט,
רייפע זײַנען געוואָרן
די זאַנגען!

איך באַדאַרף דיך
נישט זוכן,
דו קומסט מיר
אַנטקעגן —

אין פּערפֿום
פֿון אַ בלום,
אין רויך
פֿון פֿאַבריקן.

אינעם רויש
פֿוןביימער —
דו שטייסט אַזאַ
שטאָלצער.

געהויבן דער קאָפּ,
פֿאָרויס דער טראָט,
פֿאַרשלאָסן די פֿויסט
רופֿסטו מאַרשירן...

פֿאָרויס ווי קיינער
פֿירט נאָך דײַן וואָרט
און צוזאַמען מיט דײַנע
150 מיליאָנען פֿאָרויס —

מיר גייען...
מיר גייען...
מיר גייען...

# דו טוסט מיר באַנג

## (אין אָנדענק פון סערגיי יעסענינען)

צווישן אַלע בלאָנדע קעפּ
דײַנעם זוך איך דאָ אַרום,
צווישן אַלע בלויע אויגן
בלויז דײַן בליק איז שטום!

צווישן אַלע דיכטער
כ'זוך אַרום דײַן ליד,
קיין איינער קאָן ווי דו
דערהייבן מײַן געמיט!

און די בעריאָזעס ווײַסע
וויינען אין דער נאַכט...
אויף דער קליאָן דער אַלטער
איינזאַם שטייט פאַרטראַכט...

די טענער פון גאַרמאָשקע
דערמאָנט מיר דײַן קלאַנג
און איבער וועגן ווײַטע
הערט זיך דײַן געזאַנג...

אַ שיקערער פון בענקשאַפט
טאַנצט דער וואַלד דער גרינער...
צעהאַנגען אַף דיביימער
איז דיַין סטראָף דער דינער...

קום איך אין דעם וואַלד אַריַין
טרינק זיך אָן מיט זיַין געטראַנק...
און כ׳דערפיל אַזאַ מין בענקשאַפט...
און דו טוסט מיר אַזוי באַנג!!!

# אין אַן אומפאַרגעסלעכער נאַכט

(צו פּערעץ מאַרקישן)

אַ ווײַטער עכאָ פון אַ ניט-דערזונגען ליד
שנײַדט דורך די שטילקייט פון דער נאַכט...
אַן אָפענער פּערז אַף דײַן טיש איז פאַרבליבן.
אַ פאַרבענקטע ליליע שטייט אין אַ זײַט —
זי קאָן מער ניט בליִען...
אַ קוואַל אַ פולן מיט דערינערונגען אין דיר
האָב איך דאָ געטראָפן — נאָר, ניט דיך... נאָר, ניט דיך...

קוקן די שטערן אין פענצטער אַרײַן
דאַכט זיך ס'שײַנען דײַנע אויגן...
הער איך דעם קלאַנג פון וואַסערפאַל
דערמאָנט זיך דער ריטם פון דײַן ליד.
שוועבט די לעוואָנע צווישן וואָלקנס בלויע
זע איך דײַן לאַנגן, רומפולן וועג,
לויפט אָבער אָן אַ וואָלקן אַ גרויער
דערקען איך אין אים דײַנע לײַדנדיקע טעג!
שעפּ איך פון קוואַל דעם פולן
און פון בעכער וואָס דו האָסט געטרונקען

איך טרינק:
איך טרינק פאַר דײַנע פײַערדיקע אויגן,
פאַר דײַן אָדלערישן שטאָלצן בליק,
פאַרן ציטער פון דײַנע שוואַרצע ברעמען,
פאַר דײַן שטימע וואָס געווען איז מוזיק,
פאַר דײַנע שעפערישע הענט איך טרינק,
איך טרינק פאַר דײַן קעמפערישן גײַסט,
פאַר דײַן ריינעם געוויסן,
פאַר דעם ניט האָבן פאַראַטן
דײַן שטאַם און דײַן באַרוף.
איך טרינק פאַר דער „יערושע"
וואָס פון דיר איז פאַרבליבן,
פאַר דײַן פּאָעמע „מילכאָמע",
וואָס רופט אין קאַמף פאַר שאָלעם!
פאַר דײַן „די ייִדישע טענצערן",
וואָס האָט מײַן האַרץ דורכגעטראָטן!
איך טרינק פאַר דעם עכאָ אין דער נאַכט,
וואָס האָט מיך געבראַכט צום קוואַל דעם פולן.
פאַר דעם אָפענעם פערז אַף דײַן טיש איך טרינק
און קאָן מײַן דורשט נאָך דיר, מאַרקיש, ניט שטילן!

# איך וועל דאָ מאָרגן שוין ניט זײַן

(צו מײַן שוועסטער)

דאָ, ווו בײדע זײַנען מיר געבוירן,
וועל איך מאָרגן שוין נישט זײַן...
און ווידער וועט די בענקשאַפט
אונדז בײדן שמידן אין איר פּײַן...

עס וועט דאָ אַלץ פאַרבלײַבן,
אַזוי ווי עס איז געווען,
בלויז מיר, די צוויי שוועסטער —
מיר וועלן זיך שוין מער נישט זען!

עס וועט די זון דאָ שטראַלן
מאָרגן, פּונקט ווי הײַנט...
זאָלסטו ניט פאַרגעסן, — זי איז
אונדזער בײדנס פרײַנט...

די בעריאָזעס ווײַסע, וועלן שאָקלען
מיט די קעפּלעך גרינע —
און ווי הײַנט, וועסטו זיי מאָרגן גלעטן
מיט די פינגער דײַנע...

אויף דער טײַך וועט מאָרגן פליסן
מיט דעם זעלבן קלאַנג, —
וואָס וועט דיך ווי היינט באַגלייטן
אין דײַן לעבנס־גאַנג...

נאָר די אויגן דײַנע ברוינע
וועלן קוקן אין דער ווײַט...
און טראַכטן וועסטו פונקט ווי איך:
ווי שנעל אַריבער איז די צײַט!

דערווײַל — זײַנען מיר צוזאַמען,
נאָר מאָרגן וועל איך דאָ נישט זײַן,
ערשט מאָרגן וועט די בענקשאַפט ווידער
אונדז ביידן שמידן אין איר פּײַן!

# בײַ דער באַן

(צו מײַן שװעסטער)

נאָך אַ רעגע... אַ מינוט...
איך קוק אין דײַנע אויגן,
פּונקט װי מײַנע, זײַנען זײ
מיט אַ טרער פֿאַרצויגן...

טעג פֿון אונדזער טרעפֿן זיך
זײַנען שױן פֿאַרשװוּנדן...
און דאָס שײדן זיך אַצינד
װעקט אין בײדן אַלטע װוּנדן!

בײַם פֿענצטער פֿון װאַגאָן איך שטײ,
זאַפּ אײַן אין זיך דײַן לעצטן בליק...
דײַן לעצטן פֿאָכע מיט דער האַנט...
און שױן ... איך פֿאָר צוריק...

טאַטאַ . . . טאַטאַ . . . טאַטאַ . . .
זינגען שטיל די רעדער,
צום פֿענצטער צװײַגן בויגן זיך:
„מיר בליִען אויך נישט קעסײדער!"

רײַפֿע פֿעלדער ציִען זיך
פֿון בײדע זײַטן װעג —
בלײַבן װעלן זײ אין מיר
װי דו אין די בליִענדיקע טעג!

# אין דער אַלטער װענעציע

אַריבערגײענדיק אַ בריק
ניט װײַט פֿון מאָדערנע האָטעלן,
פֿון טישלעך מיט סוּװעניר ן,
פֿולע מיט װענעציאַנער קאַרעלן,
געפֿינט זיך אַ גאַס.
ענג איז זי און שמאָל,
אַ שטײנערנע שטײט דאָרט
די געטאָ פֿון אַמאָל...

װענעציע רױשט,
װענעציע זינגט...
װענעציע איז קאָלירפֿול.
די װעלט מיט איר קלינגט!
נאָר צי װײסט די װעלט
פֿון יענער שטײנערנער גאַס?
און עפּשער קלערט זי גאָר —
אַז ס'איז אַ שפּאַס,
װען זי הערט זאָגן, אַז
געװען איז אַמאָל
מיט יאָרהונדערטער צוריק
אין װענעציע אַ געטאָ
אַריבערגײענדיק אַ בריק...

דאָרט האָב מענטשן
זיך געראַנגלט אין פּייַן...
פאַרלוירן דעם גלויבן
אין אייגענעם זייַן!

נאָר, ס׳שטייט פאָרט די געטאָ
אַזאַ, ווי זי איז געווען —
אומעטיקע מויערן,
שטויביקער שטיין!

בלויז באַם אַרייַנגאַנג אַהין
אַ טאָוול אַ נייַער דאָרט הענגט:
„דאָ האָט היטלער געמאָרדעט,
פאַרגעסט ניט, געדענקט!"

און אין דעם עכאָ
וואָס קומט גאָר פון ווייַט...
דערקען איך דעם קלאַנג
פון מייַן גרויזאַמער צייַט!

# באַם קינערעט

קינערעט, ווי אַ פידל
רופט אַרויס אַ טרער...
שטילע, זיסע טענער
אין דעם טײַך איך הער.

שטאַרקער קלאַפּט מײַן האַרץ
ווען לעוואָנע קומט אַרויס.
ווען די שטערן וויגן זיך
אַף קינערעטס שויס...

בערג מיט וואַסער סוידען זיך...
דוירעס ליגן דאָ באַהאַלטן.
ס'פאַרפאָלגן מיך לעגענדעס,
עס וואַכן אויף געשטאַלטן.

דאָ האָט אַ מאַן אַ יונגער,
מיט יאָרן טויזנטער צוריק,
געזוכט אין לעבן נײַע וועגן
פאַר מענטשלעכן גליק...

אַהער איז ער געקומען
עטוואָס שוין אַ מידער...
דאָ האָט ער געטרוימט
און עפּשער —
אויך געזונגען לידער?

אַן אײַנגעהילטע אין כאַלוימעס
באַם קינערעט כ׳שטיי און טראַכט:
אויך קינערעט איז לעגענדע
אין דער בלויקייט פון דער נאַכט!

